פארלאג „די נייע יידישע פאָלקסשול“

# גיזבער האָפּען.

דערציילונג פון דעם לעבן פון די קוילנגרעבער.

באַרבעט פון

ש. באסטאָמסקי.



ווילנע—1921

סעריע
קינדער־
ליטעראַטור
№ 18.

דרוקעריי בר. ראָזענטאַל, רודניצקער 7.

פאַרלאַג „די נייע יידישע פאָלקסשול"
סעריע „קינדער־ליטעראַטור" № 18.

# גיובער האָפּען.

דערציילונג פון דעם לעבן פון די קוילנגריבער.

באַאַרבעט פון ש. באַסטאַמסקי.



ווילנע — 1921.

דרוקעריי בר. ראָזענטאַל, רודניצקער 7.

# גיובער האפעז.

## (פון לעבן פון די קוילנגרעבער).

שרעקלאַך און געפערלאַך איז א פאַרפלייצונג, בשעת עס גיסן זיך ברייט פונאַנדער די טייכן. גאַנצע ישובים ווערן אין עטלאַכע שָעה אַראָפּגעשווענקט פון דער ערד, בליענדיקע געגנטן ווערן אין איין קורצער ווײַלע חָרֵב און וויסט.

שווער און ביטער איז דער קאַמף מיט דער פאַרפלייצונג אויף דער ערד. טויזנטער מענטשן זיינען שוין פון דער דאָזיקער געפאַר אומגעקומען, הונדערטער טויזנטער – פאַראָרימט און אומגליקלאַך געוואָרן...

אָבער נאָך שרעקלאַכער און גרוילאַכער, ווי אויף דער ערד, איז די פאַרפלייצונג אונטער דער ערד.

שטיל און פאַמעלאַך בויערן די באַהאַלטענע אונטערערדישע קוואַלן די ערד און די שטיינער. מע מערקט גאָרניט, מע ריכט זיך אויף קיין זאַך ניט... און מיטאַמאָל רייסן זיך דורך די פאַרבאָרגענע, אונטערערדישע וואַסערן און מאַכן א תֵּל פון אַלץ, אויף וואָס דער מענטש האָט אַזוי פיל מי אין געזונט אַוועקגעלייגט.

אומבאַהאָלפן איז דער קוילנגרעבער אַנטקעגן דער דאָזיקער פּלוצלונגדיקער אונטערערדישער געפאַר...

אין יאָר 1812 האָט זיך אין די שאַכטעס, וואָס גע־פינען זיך לעבן דער שטאָט ליעזש (אין בעלגיע) געטראָפן זייער אַ שרעקלאַכע פאַרפלייצונג. די דאָזיקע פאַרפלייצונג האָט געמאַכט אויף אַלעמען אַזאַ שטאַרקן רושם, אַז אַפילו ביי היינטיקן טאָג, ווען די זקנים — די קוילנגרעבער דער־ציילן וועגן איר, פאַלט אָן אַ מורא און אַ ציטערניש.

און אַז זיי דערציילן וועגן דעם אומגליק, דער־מאָנען זיי מיט גרויס ליבשאַפט און היתלהבות דעם נאָמען פון איינעם אַ „שטייער"*) גיובער האָפען.

אָט וואָס זיי דערציילן.

אונטער דער ערד, אין אַ פאַרוואָרפענער שאַכטע, וועלכע מ'האָט שוין לאַנג פאַרלאָזן, האָט זיך צונויפגעקליבן אַ סך וואַסער.

פלוצלונג האָט זיך דאָס וואַסער פון דער שאַכטע דורכגעריסן און האָט אָנגעהויבן צו פאַרפלייצן אַלע דער־בייאיקע שאַכטעס. אונטער דר'ערד האָבן זיך דאַן געפונען אַ מאַן הונדערט אַרבעטער. עטלאַכע פון זיי האָט זיך איינ־געגעבן אַרויסצוכאַפן זיך אויף די ווינדעס, וואָס אויף זיי הייבן זיך די קוילנגרעבער אַרויף אין דער הייך.

דער מאַשיניסט האָט אַרויסגעצויגן די ווינדע פון גרוב, אָבער אַראָפלאָזן זי נאָכאַמאָל האָט ער שוין ניט געקאָנט. דער האַסטיקער וואַסערשטראָם האָט איבערגעריסן די שטריק, און דער וועג צו ראַטעווען זיך איז געבליבן אָפּגעשניטן פאַר די איבעריקע אַרבעטער.

ניינצן אַרבעטער האָבן זיך אַלאָז געטאָן קעגן דעם

---

*) אַן עלטערער:

שטראָם און זיי זיינען דערטרונקען געוואָרן. פיר און זיבע-ציק. צווישן זיי פופצן קינדער, זיינען געבליבן פאַרשפּאַרט אין אַ זייטיקן קאָרידאָר. צווישן די פאַרשפּאַרטע האָט זיך אויך געפונען דער „שטייער" האָפען.

אַז דאָס אומגליק האָט זיך אָנגעהויבן, איז האָפען געשטאַנען נעענטער פאַר אַלעמען צו די ווינדעס. ער האָט געקענט אַהין אַריינשפּרינגען און אויפהייבן זיך אין דער הייך. דאָרטן אין דער הייך האָבן געוואַרט אויף אים אַ פּרוי מיט קינדער.

נאָר אין דער עת־צָרָה האָט האָפען דערפילט, אַז די חברים נייטיקן זיך איצטער מער ווי אַלע מאָל אין זיין הילף און געניטקייט. ער האָט אַפילו ניט אַריינגעזעצט אין חינדע דעם זון זיינעם, וועלכן די אַרבעטער וואָלטן גאַנץ גערן מיטגענומען. ער האָט ניט געוואָלט אויסנוצן די מאַכט, וואָס ער האָט געהאַט אַלס עלטסטער און אויף אַזאַ אופן באַווא-רענען דאָס אייגענע קינד מער ווי די איבעריקע קינדער.

— דו בלייבסט מיט מיר? — האָט ער גיך אַ פרעג געטאָן דעם זון.

— יאָ! — האָט דאָס יינגל געענטפערט און זיך צו-געטוליעט צום טאַטן.

דאַן האָט האָפען געכאַפּט אַ פרעמדן יינגל און אַריינגעוואָרפן אים אין קאָרב פון דער ווינדע, וועלכע האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו רירן.

און צו די חברים האָט ער אַזוי געזאָגט:

— חברים! אָדער איך וועל אייך אַלעמען ראַטעווען ביז איינעם, אָדער איך וועל אומקומען צוזאַמען מיט אייך!...

לויט זיין באַפעל האָבן אַלע זיך באַלד גענומען צו די רידלען און מיטן גאַנצן כוח אָנגעהויבן דורכצוברעכן אַן אַרויסגאַנג

אָן אַ זייט פון דעם וואַסער.

פינף לאַנגע שווערע טעג זיינען אַריבער אין אָנגע־שטרענגטער אַרבעט. די אַרבעט איז געווען פאַרטיילט אַזוי, אַז ווען אַ העלפט אַרבעטער פלעגן פאַלן אויסגעמאַטערטע שלאָפן, האָט זיך די אַנדערע העלפט גענומען צו די רידלען און מיט די לעצטע כּוחות זיך געבראָכן אַ וועג.

האָפּען האָט ניט געוואוסט פון מידיקייט און ניט אויפ־געהערט אָנצופירן מיט דער אַרבעט. ער פלעגט באַרואיקן און איינשטילן די חברים, בשעת זיי פלעגן פאַר יאוש גרייט זיין אָפּצוטאָן די געפערלאַכסטע זאַכן. פאַר שרעק און פאַר הונגער, זיינען אַפילו די מוטיקסטע פון זיי געוואָרן אָפּהענ־טיק און שיר פון זינען ניט אַראָפּ.

כּדי צו שטילן דעם הונגער, האָבן זיי אויפגעגעסן די פעל פון זייערע רימענע גאַרטלען. פאַר די חלבנע ליכט פלעגט מען זיך רייסן און קריגן. און ווער ס׳פלעגט אַרויס־כאַפּן אַ שטיקל, פלעגט דאָס איינשלינגען, ווי דעם טייערסטן ביסן.

פינף נעכט האָט האָפּען ניט צוגעמאַכט מיט אַן אויג און אַלץ געהיט די חברים, זיי זאָלן לעבן צווישן זיך בשלום. צוויי חברים האָבן זיך צעקריגט און גענומען זיך שלאָגן. האָפּען האָט געפּרוווט מאַכן שלום צווישן זיי. נאָר איינער פון די די קוילנגרעבער האָט זיך צו אים אָפּגערופן:

— לאָז זיי, זאָלן זיי זיך הארגענען. אַז עמיצער פון זיי וועט פאַלן, וועלן מיר אים אויפעסן...

דאַן האָט זיך האָפּען אַוועקגעשטעלט צווישן די קריי־גער (אין די אויגן זיינע האָט זיך אָנגעצונדן אַזאַ פייער, וואָס קיינער האָט נאָך קיינמאָל ביי אים ניט געזען) און ער

האָט אַ געשריי געטאָן:

— הער עס וועט אויפהייבן אַ האַנט אויף אַ חבר, וועט פריער מוזן מיך דערהרגענען!... מיין ברוסט וועט אַלע מאָל זיין אויסגעשטעלט צו דעם רוצח!..

מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ פּאַר שאַנדע האָבן זיך דאַן די צעקריגטע ווידער גענומען צו דער אַרבעט.

אויפן דריטן טאָג האָט מען צופעליק דורכגעהאַקט אַ לאָך צווישן צוויי שיכטן קוילן, וואו ס'האָט זיך צונויפגעזאַמלט דער שעדלאַכער מינען-גאַז, וואָס געפינט זיך אין די שאַכטעס. דער דאָזיקער גאַז איז זייער אַ געפערלאַכער; אַז מע טראָגט צו צו אים פייער, קומט פאָר אַ שרעקלאַכער אויפרייס.

האָפען האָט גלייך פאַרשטאָפּט די לאָך; פון דאַנען דער גאַז איז געגאַנגען.

צוויי יונגע קוילנגרעבער האָבן געזאָגט צו אים:

— צוליב וואָס טוסטו דאָס? לאָמיר בעסער צוטראָגן צו דער לאָך אַ לאָמפּ און ס'וועט אונז אַלעמען אויפרייסן אין דער לופטן. דאַן וועלן מיר לכל-הפּחות זיך ניט דאַרפן מאַטערן!..

נאָר מיט זיין מוט און באַהאַרצטקייט האָט האָפען אַלע מאָל גובר געווען דעם יאוש פון די חברים.

אויפן פינפטן טאָג האָבן זיך פאַרלאָשן די לאָמפּן, ווייל ס'האָט ניט געקלעקט קיין ריינע לופט. די אַרבעטער זיינען געבליבן אין דער פינסטער. עטלאַכע פון זיי זיינען משוגע געוואָרן. זיי האָבן גענומען בונטעווען קעגן האָפענען, געטענעט, אַז ער לאָזט זיי מיט אַ כיוון אַן ברויט און אַז ער איז שולדיק אין אַלע זייערע צרות.

אלע האָבן פאַרלאָרן די לעצטע כּוחות. עטלאַכע זיי-
נען אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַז קוים קוים, וואָס די נשמה
האָט זיך אין זיי געהאַלטן. האפּען האָט זיי געשטאַרקט ווי
ווייט ער האָט געקאָנט. ער האָט זיך ביי זיי געבעטן ווי ביי
קליינע קינדער, זיי זאָלן ניט וואַרפן די אַרבעט, געגעבן זיי
האָפענונגען, אַז באַלד וועלן זיי באפרייט ווערן.

און אליין האָט ער ניט ארויסגעלאָזן דעם רידל פון
דער האַנט.

אויפן זעקסטן טאָג איז געקומען די הילף.

דער קאָרידאָר, וואָס די קוילנגרעבער האָבן זיך דורכ-
געהאַקט פון אונטער דר׳ערד, האָט זיך באַגעגנט מיט אַן
אַנדער דורכגאַנג, וואָס די חברים האָבן געגראָבן זיי אַנ-
טקעגן פון איבער דער ערד. און די לעבעדיק-באַגראָבענע
האָבן סוף-כּל-סוף דערזען די ליכטיקע שיין.

אַ סך פון זיי האָבן זיך פון שוואַכקייט ניט געקאָנט
רירן. און מ׳האָט זיי אַרויסגעטראָגן אויף די הענט.

ביים אַריינגאַנג האָט זיך צונויפגעזאַמלט די גאַנצע
באַפעלקערונג פון די אַרומיקע קוילנגרובן. אַלע 74 אַרבעטער
האָבן זיך אומגעקערט צו זייערע פאַמיליעס, וועלכע האָבן
שוין גאָרניט געהאָפט צו זען זיך מיט זיי.

האפּען איז פאַרבליבן אונטער דער ערד, ביז וואַנען
אַלע זיינע חברים זיינען אַרויס אויף דער פריי. דעם זון
זיינעם האָט מען אַרויסגעפירט פריער צוזאַמען מיט די אי-
בעריקע קינדער; און אַליין איז ער אַרויס פון אונטער דער
ערד דער לעצטער.

ביים אַריינגאַנג איז געשטאַנען די פרוי זיינע מיט
די קינדער. אַ שיינענדיקע פון גליק איז זי אַרויפגעפאַלן

אויף אים, באַוואַשנדיק זיך מיט טרערן פאַר פרייד. די פרייד אירע איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט זיך גאָר ניט געקאָנט אָפּרייסן פון אים. די קינדער האָבן זיך אויך אָנגעהאַנגען אָן טאַטן און זיינען געבליבן הענגען ביי אים אויפן האַלז...



דער פארלאג „די נייע יידישע פאָלקסשול“ האָט שוין ארויסגעגעבן פאָלגנדיקע ביכער:

## א) לערנביכער:

1. אילוסטרירטער אריטמעטישער רעכנבוך (פאַרן 1-טן לערניאָר) באארבעט לויט שטעקלין און אנדערע (2 אויפלאגעס) פון ש. באסטאָמסקי.

2. אריטמעטישער רעכנבוך (ערשטער הונדערט) באַארבעט לויט שטעקלין און אנדערע פון ש. באַסטאָמסקי.

3. אריטמעטישער רעכנבוך (ערשטער טויזנט) (5 אויפלאַגעס) פון ש. באסטאמסקי.

4. אריטמעטישער רעכנבוך (בלערליי צאָלן). (4 אויפלאַגעס) פון ש. באסטאמסקי.

5. אַ־יטמעטישער רעכנבוך (ברוכצאָלן) (4 אויפלאַגעס) פון ש. באסטאמסקי און ל. הורוויץ. מיט א ביילאגע פון דער טערמינאלאגיע פון אַריטמעטיק אויסגעארבעט פון א קאמיסיע ביי דער ווילנער יידישער לערער־געזעלשאפט.

6. ש. באסטאָמסקי און מ. חיימסאָן—„לעבעדיקע קלאנגען“ א רייך־אילוסטרירטער א"ב

7. „לעבעדיקע קלאַנגען“. כרעסטאָמאטיע פאַרן ערשטן לערניאָר די „לעבעדיקע קלאנגען“ זיינען באַשטעטיקט פון א קאָמיסיע לערער ביים ווילנער צ. ב. ק.

אינגזיכן ערשיינט—„לעבעדיקע קלאנגען“— כרעסטאמאטיע פארן 2-טן לערניאר. פון ש. באַסטאָמסקי און מ. חיימסאָן.

„דער נייער לערער“—זאמלונג פון שריפטלאכע איבונגען ווי אזוי אויסצוליגן די געדאנקען.

אַריטמעטישער רעכנבוך—לעצטער טייל (פראָצענטן, דיסקאָנט, דרייפללי א. א.)

מעטאָדישע אָנווייזונגען צו „די לעבעדיקע קלאנגען“ מיט א פרווו־פראָגראם פון יידיש פאר דעם 1-טן לערניאָר.

## ב) ביכער פאר קינדער:

פון ש. באסטאָמסקי

**פ אַ ר  י י נ ג ע ר ע:**

1) יעקעלע נאַר. 2) יודע דער וואַסערטרעגער און זיינע מעשיות 3) מזל. 4) צוויי מתּנות. 5–6 א) דער נס. ב) דער צדיק. 7) דער בוים און דער ווינט. 8) ייִנגל–צינגל. 9) די אמתע כלה. 10) דריי מענטשעלאך 11) קאַרוזא. 12) דער ליגנער, 13) די נאַשערקע. 14—15) מעשהלאך פון עזאָפּ (2 העפטן). 16) כישופמאכער און זון. 17) גיובערהאָפּען. 18) דער פארשלאָסענער קאסטן. 19) לעגענדעס פון אַמאָל. 20) דער קונדס (זאַמלונג פון רעטענישן, רעבוסן, אויפגאַבן א. א.).

**פ אַ ר  ע ל ט ע ר ע:**

1) פריטיאָף נאַנסען און זיין רייזע צום צפונדיקן פּאָלוס (אילוסטרירט). 2) אין דער נאַכט פון בדיקת חמץ 3) י. ל. פרץ (זאַמלבוך). 4) דייוויד ליווינגסטאָן, זיין לעבן און זיינע רייזעס איבער אפריקע. 5) הענרי סטענלי און זיינע רייזעס. 6) ווי אַזוי קאָלומבוס האָט אַנטדעקט אַמעריקע (אילוסטרירט) 7) וואָלף. 8) מרדכי אַנטאָקאָלסקי ביאָגראַפיע (רייך אילוסטרירט)

**ק י נ ד ע ר פ י ע ס ע ס:**

1) פרילינג קומט! פאַנטאַסטישע קינדער-פּיעסע אין 2 אַקטן מיט געזאַנג און טענץ.

## ג) מאַטעריאַל צום יידישן פאָלקלאָר:

1. יידישע פאָלקסרעטענישן. (2 אויפלאַגעס)
געזאַמלט און דערקלערט פון ש. באַסטאָמסקי.

2. זאַמלונג פון יידישע שפּריכווערטער פאַר שול און פאַמיליע

3) „ביים קוואַל” צונויפגעשטעלט פון ש. באַסטאָמסקי.
יידישע שפּריכווערטער. ווערטלאַך
. רעדנסאַרטן, פאַרגלייכענישן, ווינטשענישן, ברכות, שבועות
קללות, תּרמות, סימנים, סגולות, און זאַבאַבאָנעס.
געזאַמלט און דערקלערט פון ש. באַסטאָמסקי.

4) „ביים קוואַל” II באַנד: יידישע פאָלקסלידער
געזאַמלט פון ש. באַסטאָמסקי.

---

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן לויטן אַדרעס: ווילנע סטעפן גאַס 28.ח,24